שמואל יעקב אימבער

# היים-ליעדער

1918.

יודישער בוך און קונסטפערלאַג, מ. היקל.
וויען-ברין.



שמואל יעקב אימבער

# הים־ליעדער

(1912—1915.)

1918.

יודישער בוך און קונסטפֿערלאַג, מ. היקל
וויען־ברין.

## געוואַנדערט האָט יאָהרען מיין וועלע...

געוואַנדערט האָט יאָהרען מיין וועלע,
דורכמאָסטען די וועלט אין איהר גאַנג,
אָהן פֿרייד געזעהן פֿריידפֿולע לענדער —
אָ זעעלע, געוועזן ביסטו קראַנק!

און אומגעקעהרט האָט זיך מיין זעעלע
פֿון בליהענדע לענדער צוריק
צום לאַנד וואָס איז אָרים און הייליג,
ווי אָרים און הייליג — די וויעג.

---

## ווייט־ווייט הינטער ים׳ען...

ווייט־ווייט הינטער ים׳ען בליהט גאָלדען מיין לאַנד
און לאַכט צו דעם הימעל, און לאַכט ווי אַ קינד —
ווייל יונג ווי אַ קינד און נאָך גאַנץ אָהן אַ זינד
איז דאָס לאַנד, וואָס איז ערשט־נאָר אַרויס פֿון גאָטס האַנד.

דאָס יונגסטע לאַנד איז עס, וואָס כ׳קען אויף דער ערד —
ערשט־נאָר האָט מיין האַרץ עס מיט פֿריידען ענטדעקט —
נאָך האָט עס הי טרעהר פֿון דער נויט נישט בעפֿלעקט,
נאָך האָט עס פֿון אומרעכט די קלאָג נישט געהערט.

אָ קומט, ווענן ליעב עס איז קינדערשעס שפּיעל,
ווער ס׳זעהט פֿון דעם שפּיעלען די צוקונפֿט ארויס —
ווייט־ווייט הינטער ים׳ען בליה׳ן פֿריידען אונז פֿיעל!
איך זעה זי, די צייט, ווען דאָס קינד וועט זיין גרויס!

---

## וויזיאָן.

זיי שטייגען ארויף פֿון פֿערגעסען
און קומען צו הונדערט צו געהן,
די יאָהרען, פֿון ליידען צעפֿרעסען,
די יאָהרען, וואָס זענען געווען.

זיי שטייגען ארויף און זיי שטרעקען
צו טעג פֿון דער צוקונפֿט די הענד —
צי ווילען זיי בענשען, צי שרעקען?
דער טויט אין די אויגען־זיי ברענט.

דאָך שטעהען די טעג פֿון דער צוקונפֿט
און קוקען ווי קינדער אָהן שרעק,
ווי ס'פֿאַלען די יאָהרען, די אַלטע
און שטאַרבען צו הונדערט אַוועק.

---

# ראָזינקעס און מאַנדלען...

ווייך וויעגט זיך דער מאַנדעלבוים איבער דער בייט,
די טרויבען קושט גאָלדיג די זון —
אוי מאַמע, ס׳דערמאַנט זיך די וויעגליעדערצייט,
די פלעגסט מיר דאָך זינגען דאַפון.

דאָך וואָס ס׳פלעגט מיר זינגען דיין נאַכטפויל געמיט,
האָט זונפויל אין מיר זיך צעגלאַנצט:
פון האַנדלען מיט מאַנדלען פלעגט קלינגען דיין ליעד —
און איך האָב אַליין זיי געפלאַנצט.

---

# עס ליעגען די פֿעלדער יהודה׳ס...

עס ליעגען די פֿעלדער יהודה׳ס
און הערען אַ ליעד נאָך אַ ליעד –
אין צעהנדלינגער ליעדער צעטראָגט זיך
דאָס לויב פֿון דעם גליל, וואָס בליהט.

עס ליעגען די פֿעלדער יהודה׳ס,
און קוקען פֿול קנאה אַהין
צום יונגען בעזונגענעם גליל –
און ווערען פֿאַר קנאה אַזש גרין!

---

## איך האָב געזעהן אַ מיידעל...

איך האָב געזעהן אַ מיידעל
אין שוויים אין הייסען פֿעלד —
פֿון אַלע מיידלעך שענער
דאָס מיידעל מיר געפֿעלט.

כ'געדענק נישט איהרע אויגען,
כ'געדענק נישט איהרע האָר —
אין זונשיין האָט איהר קאָסע
נעגלאַנצט ווי זילבער קלאָר.

---

# די קליינע רות.

די קליינע רות די שוואַרצינקע
אין קליידעלע וויים־בלוי,
האָט אויגעלעך צוויי האַרציגע,
ווי בלימעלעך פֿול טוי.

און זינגט זי מיר אַ ליעדעלע
פֿון שומרים און פֿון בלוט,
בעפֿייכט דער טוי די בעקעלעך
דער קליינער, גוטער רות.

און ווי איך קוש די בעקעלעך,
רינט אָב דער טוי געשווינד —
אַ ברכה אויף דיין קעפּעלע,
מיין רות'עלע, מיין קינד!

און קום איך אין אַ יאָהר, אין צוויי
אין ראשונס גאָרטען גרויס —
וואו ס'האָט די קליינע רות געוויינט,
דאָרט בליהט אַ שעהנע רויז.

---

# אפילו די ליעבע...

אפילו די ליעבע איז אַנדערש,
די ליעבע אין הייליגען לאַנד!
אוי מיידעלע, צי נאָך געדענקסטו?
מיר זענען געזעסען ביינאַנד —

מיר האָבען געשמועסט פֿון דער אַלטצייט —
האָסט אַל' איהרע העלדען געוואוסט,
מיר האָבען גערעדט פֿון דער צוקונפֿט —
עס בליהט שוין איהר פראַכט אין דיין ברוסט;

ווען כ'האָב דיך געקושט אין די אויגען
אַ טרעהר איז געוואָרען דאָרט וואַך:
„וואָס זאָגסטו דאָס וואָרט פֿון דער ליעבע
מיר נישט אין דער הייליגער שפּראַך!"

---

## דער שומר.

אַרויסקומען זאָלסטו, מיין מיידעל,
ווען שטיל וועט שוין שלאָפֿען די נאכט,
און צוקומען זאָלסטו מיין מיידעל,
וואו ס'האַלטען די שומרים די וואַכט.

דאָרט וואַך איך ביים גלאַנץ פֿון די שטערען,
צו היטען דיין פֿאָטער פֿון בייז —
דאָך מוז היינט געגנב'עט דאָרט ווערען
זיין טעכטערלם הערצעלע הייס.

---

## איך געה אַרוים צום גרויסען ים...

איך געה אַרוים צום גרויסען ים,
און שטעה און קוק אין ווייטען —
אָ ווייטער ים, פֿול שטערען־פּלאַם,
דערצעהל פֿון ווייטע צייטען!

דערצעהל, דערצעהל מיר פֿון אַמאָל,
ווען האָסט דאָס גליק בעזעסען —
דערצעהל, דערצעהל די וואָנלער־צאָהל,
וואָס האָט דיין ברעג פֿערגעסען;

דערצעהל דערצעהל די שיפֿען־צאָהל,
וואָס האָט דיין ברייט דורכמאָסטען —
דערצעהל פֿון שאַרפֿען שווערטער־שטאָהל,
וואָס אין דיין טיעף טוט ראָסטען.

דערצעהל, דערצעהל, וואָס זינגסט דו היינט,
ווען ס'געהן צוריק די שיפֿען?
דערצעהל, צי גלאַנצט אויך, אַלטער פֿריינד,
אַ קרוין אין דיינע טיעפֿען?

---

## די בלויע נעכט...

די בלויע נעכט ביים יפו־ים,
די העלע נעכט פֿול העלער פֿרייד!
דער ים ליעגט שטאָלץ און ווייט און ברייט
און זינגט מיר ליעדער פֿון מיין שטאַם.

דער ים ליעגט שטאָלץ און ברייט און ווייט —
מיין האַרץ דערבליקט האָט צוקונפֿטסגליק,
מיין האַרץ עס רופֿט: אָ קומט צוריק —
עס איז די צייט, עס איז די צייט!

בעפֿלאַנצט די וועלל׳ מיט מאַסטענהאָלץ,
בעקראַנצט די בייט מיט בליהגעשמייד!
דאָס לאַנד ליעגט בלוטגעטרענקט און גרייט,
דער ים ליעגט ברייט און ווייט און שטאָלץ!

---

# רחל.

אַזוי האָט דער ירדן דערצעהלט מיר:
נאַכטנעכטליך פּלעגט קומען צו געהן
די מוטער פון וואַנדערער־קינדער,
נאַבטנעכטליך מיט נייעם געוויין.

ס'פּלעגט זיפּצען די נאַכט ביי איהר קומען,
ס'פּלעגט קלאָגען אין מדבר דער שטיין —
צומאָרגענס געוועלקט האָבען בלומען,
וואו גיעסען זיך פּלעגט איהר געוויין.

טאָגטעגליך געוועלקט האָבען בלומען,
נאַכטנעכטליך פּלעגט הערשען געוויין —
ביז ס'זענען די קינדער געקומען
צוריק צו דער מוטער צו געהן.

היינט זעהסטו מיין ברעג פול מיט בלומען,
און שטיל איז דער מוטערס געוויין. —
אַזוי האָט דער ירדן דערצעהלט מיר,
און גלויבט איהר נישט — פרעגט איהם אַליין.

---

# ביים ים־המלח.

צום זאַלץ־ים קומט צו פֿליהען
אַ ווינטעל, רופֿטפֿערזיסט:
פֿון די יונגסטע בלומען אין ציון,
דו אַלטער, זיי געגריסט!

די יונגסטע בלומען אין ציון
זיי בליהען אויף זאַמד און שטיין,
און אַ וואונדער איז זייער בליהען,
גלייך ס׳פֿלאַנצט זיי גאָט אַליין.

אויך דיר וועט די פראַכט נאָך בליהען,
דיין ברעג וועט נישט בלייבען וויסט:
פֿערנעהם דעם רופֿט פֿון ציון —
און זיי פֿון גאָט געגריסט.

---

# לאַנד, אָ לאַנד...

לאַנד, אָ לאַנד ביי דיר נאָר איינציג
ווער עס ווכט, געפינט אַ טרייסט!
לאַנד, אָ לאַנד, ביי דיר נאָר איינציג
בליהט די בלום, וואָס האָפנונג הייסט.

כ'האָב די בלום געזעהען בליהען
אויף דיין גאַנצער לענג, אָ לאַנד —
פון די זאַמרען פון תל־אביב
ביז צום גרינעם גליל־שטראַנד.

כ'האָב די בלום געזעהען וואַקסען,
וואו דער רויטער בלוט־טוי פאַלט —
אויף מרחביה'ס גלוטענפעלדער,
אין חדרה'ס קיהלען וואַלד.

אויף מרחביה'ס גלוטענפעלדער
קוקט מען קאַלט דעם טויט אין אויג —
הערסט דעם נאָמען, פריינד אין גלות,
פאר זיין קלאַנג דעם שטערען נויג!

אין חדרה'ס קיהלען שאָטען
שטייגט פון קברים לעבענסגלוט —
כ'האָב מיין הארץ די רוהה פערבאָטען,
ווען כ'האָב דאָרט מיך אויסגערוהט.

---

## זינט כ׳האָב געזעהען...

זינט כ׳האָב געזעהען די ברידער, וואָס לאַכען —
קאָן איך נישט, קאָן איך נישט קלאָגען שוין מעהר;
זינט כ׳האָב געזעהען מיין לאַנד אין ערוואַכען —
האָב איך קיין טרעהר חוץ דער פֿריידענטרעהר.

זינט כ׳האָב געזעהען דאָס דור, וואָס קאָן גלויבען —
קאָן איך נישט גלויבען, אַז גאָט איז אונז ווייט;
זינט כ׳האָב מיין בליק צו דעם מזרח דערהויבען,
האַס איך די נאַכט און די מערב־זייט.

---

## אומקעהר.

אַלץ נעהנטער צו מיין ליעבסטער,
אַלץ ווייטער פֿון מיין לאַנד —
אָ האַרץ, פֿול מיט פֿלאַמענבענקשאַפֿט!
אָ האַרץ, פֿול ליעבעסבראַנד!

וואָס טרייבט דיך פֿון דעם וונלאַנד,
מיין האַרץ, צום פֿראָסטלאַנד צו?
אין מערב איז דיין אומרוהה —
אין מזרח איז דיין רוהה.

און ס׳ענפֿערט מיר דאָס האַרץ מיינס:
כ׳קעהר איינמאָל נאָך מיך אום —
כ׳וויל פֿלאַנצען אין דעם מזרח
דעם מערב׳ס שענסטע בלום.

---

## בענקשאַפט.

ווייט־ווייט איז געבליעבען דאָס לאַנד פון מיין ליעבע,
דאָס לאַנד, וואָס האָט ליעבענד צום האַרץ מיך געפּרעסט;
מיין מוטער געטרייע, מיין היים דו אַלט־נייע,
מיין האַרץ ציהט צו דיר, ווי אַ פֿויגעל צום נעסט!

כ׳בין אָרים געקומען צו דיר, ליעבע מוטער,
דו האָסט מיין נשמה מיט גינגאָלד בעטרעסט —
היינט וואַנדער איך ווידער אין ווייטען אַ מיערער,
מיין האַרץ ציעהט צו דיר, ווי אַ פֿויגעל צום נעסט!

היינט וואַנדער איך ווידער אין ווייטען אַ מיערער,
און שיק מיינע ליעדער, ווי קינדער צו־געסט —
אוי קינדערלעך גוטע, דערצעהלט דאָרט מיין מוטער,
מיין האַרץ ציהט צו איהר, ווי אַ פֿויגעל צום נעסט!

---

# אַ תשובה.

עס פֿרעגט מיך דער און יענער:
ווי איז דאָרט אין דער היים?
צי איז דאָרט ווי מיין שרעק זאָגט,
צי איז דאָרט ווי איך טריים?

און כ'ענפֿער דעם און יענעם
און מען פֿערשטעהט מיך קוים:
ס'איז ערגער ווי דיין שרעק זאָגט,
ס'איז שענער פֿון דיין טרוים.

---

# אָבקלאַנגען.

לאַנד מיינס, לאַנד מיינס, בענקשאַפֿט מײַנע,
ווייטער הימעל, ווייטע ערד!
ס'וועבט דיין טרוים מיין האַרץ דאָס ריינע,
— ריין דאָס האַרץ, וואָס דיך בעגעהרט!

לאַנד מיינס, לאַנד מיינס, מיין פֿערלאַנגען!
כ'הער אַ יעדעס קול פֿון דיר —
שיקסט פֿון ווייט מיר פֿעלדגעזאַנגען,
שיקסט פֿון קאָסעם אַ געקלירר.

אָפֿט, ווען שטערען ביי דיר שיינען,
טוט מיין האַרץ פֿול פֿרייד אַ לאַך:
כ'הער אַ קינד פֿון שלאָף דאָרט וויינען
אין דער אַלטער שבינה־שפּראַך.

---

# ווען כ׳זעה די פּולע שייערען...

ווען כ׳זעה די פּולע שייערען אין פרעמדען לאַנד צו אָסיען־צייט,
דערמאַן איך מיך אָן טייערען, געליעבטען לאַנד, וואָס איז מיר ווייט —
ווער ווייסט, צי דאָרט האָט אויך אַזוי בעצאָהלט די האַרטע מיה די ערד?
צי האָט דער אַקער נישט אומויסט דעם פריהלינגס אַרבייטס־ליעד געהערט?

צי האָט דאָס דורשטענדיגע פעלד דער גוטער רעגען זאַט געטרענקט?
האָט מיטאָג־גלוט, האָט אָבענד־קעלט די צאַרטע בליהונג נישט געקרענקט?
צי האָט דער שונא נישט געשטרעקט נאָך אונזער גוטס די בייזע האַנד?
צי האָבען שומרים נישט בעדעקט מיט בלוט דיין ווייסען זאמד, מיין לאַנד?

צי פּולט דעם גרן יעדע נאַכט דאָס יונגע פאָלק, וואָס טאַנצט און לאַכט —
דאָס יונגע, אַרבייטזאַמע פאָלק, די ברידער מיינע גאָטבעוואַכט?
צי וועבט זיך ליעבע, וועבט זיך פריער, צי שוועבט דאָס יונגע אויפבליה־ליעד
אין לאַנד, וואו גאָט האָט זיי געשיקט און וואו מיין האַרץ אין טרוימען ציהט?

און כ׳קוק מיט וועה די פייגעל נאָך, וואָס פליהען איצטער צו דיין זייט,
דו לאַנד, וואָס ביסט מיין האַרצען נאָהנט, און אויף דער ערד אַזוי מין ווייט!
און כ׳ריים מיין זעעלע האַלב אויף האַלב — אַ העלפט פערבלייבט
און בענקט אָהן שיעור,
די צווייטע העלפט פליהט ווי אַ שוואַלב מיט טויזענד שוועלבעלעך צו דיר.

---

# ערינערונג.

עס וויל דאָם האַרץ דעם אויג נישט גלויבען,
און זאָגט איהם אַלץ: קוק בעסער, זעה —
צי בלינקט נישט דאָרט, ווי סטאַדעס טויבען
אויף דעם לבנון׳ם קאָפּ דער שנעע?

און ווען די זון האָט זיך דערהויבען
אין פּעלד איבער דעם העכסטען סטויג,
דאַן וויל דאָם האַרץ דעם אויג נישט גלויבען,
אז נישט דעם גליל זעהט דאָם אויג.

עס וויל דאָם האַרץ דעם אויג נישט גלויבען,
אַז נישט יהודה׳ם טעכטער געהן
— ווען ס׳קושט די זון ביז בלוט די טרויבען —
מיט קרענץ און טענץ און ליעדער שעהן.

אָ אויגען, אויגען, טריבע שויבען —
נאָר פּרעמדלאַנד זעהט איהר פּוּל מיט וועה!
עס וויל מיין האַרץ דעם אויג נישט גלויבען,
און זאָגט איהם אַלץ: קוק בעסער, זעה...

---

## און קומט די זון...

און קומט די זון פֿון יענעם לאַנד,
זי רויטעלט זיך און לאַכט —
זי ברענגט מיר דאָ אַ העלען טאָג,
ווי דאָרט איז העל די נאַכט.

און קומט אַ ווינד פֿון יענעם לאַנד —
מין האַרץ ווערד רויט־צעגליהט;
און קומט אַ וואָרט פֿון יענעם לאַנד,
עס ווערד ביי מיר צום ליעד.

און קומט אַ טרוים פֿון יענעם לאַנד —
איך לאָז איהם נישט פֿון מיר,
דאַן רייסט ער מיט מיין זעעל זיך אויס
און פֿליהט, מיין לאַנד, צו דיר.

## אַ בריעף.

און שרייב, מיר מיין פֿריינד, ווי עס בליהען
אין קינדער־גאָרטען בײַ דיר
די טייערסטע בלומען פֿון ציון,
דעם היימלאַנדס הערליכסטע ציער.

און שרייב מיר, ווי זוניגע גלאַנצען
די איינעלעך פֿילען מיט פֿרייד,
ווען העלדען מיט זיעגער־קראַנצען
בעלעבען פֿאַר זיי דיינע רייד.

און שרייב מיר, ווי טוי־גלייך עס פֿליעסען
די טרעהרעלעך טרויריג און זאַכט,
ווען ס'ברעננט דיין דערצעהלונג זיי גריסען
פֿון ברידער, וואָס בלאָנזען אין נאַכט.

---

## אַ לאַנד, פֿול שטאָלץ...

אַ לאַנד, פֿול שטאָלץ, אַ לאַנד, פֿול זון
האָט איהר פֿערלאָזט און וואַנדערט אום
אין לענדער וואו איי׳ר איינציג טהון
איז בעטלען הויך און וויינען שטום.

און איז אַ וואונדער, ווען איהר פֿאַלט,
און זייעט שאַנד און זאַמעלט שפּאָט?
צי ווייסט איהר נישט, צי פֿיהלט איהר נישט,
צי זעהט איהר נישט — דאָ לעבט קיין גאָט!

---

## איהר האָט אייך אין ווייטען פֿערבלאָנזעט...

איהר האָט אייך אין ווייטען פֿערבלאָנזעט —
דאָך בלאָנזען איז נאָך נישט קיין זינד:
און בענקט איהר אַהיים צוּ דער מוּטער,
דאַן זענט איהר אין האַרצען נאָך קינד.

און קוּמט איהר פֿוּן ווייטען פֿעראָרימט,
וייט קינדיש און פֿיהלט נישט קיין שאַנד —
איהר ברענגט דאָך אַהיים טויזענד טרוימען,
איהר קוּמט נישט מיט ליידיגער האַנד.

---

## וואָס האָט איהר אייער האַרץ פֿערסמ׳ט!

וואָס האָט איהר אייער האַרץ פֿערסמ׳ט!
וואָס גלויבט איהר נישט, אַז גאָט מיט אייך!
אין אייער לאַנד אויף מדבר־זאַמד
בליה׳ן טויזענד בלומען פֿאַרבענרייך.

אין אייער היים, פֿון גאָט געקוּשט
שטעהן טויזענד העלדען גאָט־בעשערט —
אין איהר זענט וויט און ווייסט עס נישט,
און בוקט פֿאַר שקלאַפֿען אייך צו דר׳ערד.

---

## און צוּ די שוואַכע זאָג איך . . .

און צוּ די שוואַכע זאָג איך: וואַרט׳ס!
עס איז אַ צייט פֿון קאַמפּף און קריעג —
און האָבען שוואַכע אויך אַ האַרץ —
זיי האָבען נישט קיין האַנד צוּם זיעג.

און צוּ די שטאַרקע זאָג איך: געהט!
עס איז די צייט פֿון קאַמפּף און קריעג —
און יעדער העלד, וואָס קוּמט צוּ שפּעט
פֿערהעלפֿט דעם שונא צוּ דעם זיעג.

---

## וואָלט איהר געקאָנט דאָס זעהען...

וואָלט איהר געקאָנט דאָס זעהען,
וואָס ס׳זעהט מיין זאָרגענד האַרץ —
דער גם וואָלט היינט געשעהען,
געהיילט וואָלט היינט דער שמאַרץ.

וואָלט איהר געקאָנט דאָס וויסען,
וואָס ס׳ווייסט מיין זעעלע שוין —
איהר וואָלט די קייט צעריסען,
און אָנגעטון די קרוין.

איהר וואָלט צו הימעלסשוועלען
געמאַכט דעם היימלאַנדס זוים —
וואָלט איהר געקאָנט דאָס וועלען,
וואָס ס׳וויל פֿאַר אייך מיין טרוים.

---

# און ווער עס שלאָפֿט...

און ווער עס שלאָפֿט זאָל ווייטער שלאָפֿען –
און ווער עס שרעקט זיך, גאָט מיט איהם –
דאָך איהר, וואָס האָט די אייגען אָפֿען
און טראָגט אין האַרץ דער צוקונפֿטס שטים –

איהר זאָלט נישט שטעהען לאַנג פֿון ווייטען,
און זאָלט נישט אָבוואַרטען די צייט!
די צייט איז דאָ צו אַלע צייטען –
אָ זעהט, דאָס לאַנד, עס וואַרט און ליידט.

צו וועניג בלומען אין די גערטען,
צו וועניג זאַנגען וויעגט דער ווינד
אויף אונזער פֿעלר, דעם זאַמדפֿערצעהרטען –
ווי קאָנסטו וואַרטען, יודיש קינד!

צעגראָב די זאַמדען, וועלכע גליהען,
און ברענג דעם לאַנד דער בליהונגס גאָב!
דער שוויים פֿון אַרבייט און פֿון מיהען
וואַשט טויזענד־יעהר׳גע פֿלעקען אָב.

---

## מיין ליעבע געהער נישט...

מיין ליעבע געהער נישט די אַלטע און שוואַכע,
די שימלער און דרימלער אין לענדער פֿון שאַנד,
מיין ליעבע געהער נאָר די יונגע, די וואַכע,
וואָס וועקען די שכינה אין הייליגען לאַנד.

מיין ליעבע געהער נישט אפֿילו צו יענע,
וואָס ליעגען אין קנעכטשאַפֿט און טרוימען פֿון מאַכט.
איך ליעב נאָר די קינדער די גאָטבעוואַכט ריינע,
וואָס יעדוועדער וועג פֿיהרט אַרוים זיי פֿון נאַכט.

---

## עס בליהט אין מיר...

עס בליהט אין מיר, עס גליהט אין מיר
די ליעבע און דאָס בענקען
צו דיר, מיין היים, צו דיר, מיין טרוים,
צו דיר, מיין גוט־געדענקען.

און טרעהר נאָך טרעהר, און ליעד נאָך ליעד
מוז איך פון הארצען פרעסען —
אָ הארץ, פערשאָלטען איז די שעה,
ווען וואָלסט מיין לאנד פערגעסען!

---

## כ׳וויל פֿערגעסען...

כ׳וויל פֿערגעסען אָן מיין ליעבסטערס
סאַמעט־אויג און ויידען־האָר,
כ׳וויל פֿערגעסען אָן מיין מוטערס
ציטער־הענד און אַלטע יאָהר,
כ׳וויל פֿערגעסען אָן מיין האַרצענס
זיסטען טרוים און זיסטער וואָהר —
נאָר דיין שטויב, מיין לאַנד, צו קושען,
און צו זעהן דיין הימעל קלאָר.

דו, מיין לאַנד, ביסט מיין געליעבטע,
ביסט מיין מוטער, הייליג לאַנד,
ביסט מיין וואָהר און ביסט מיין חלום,
ביסט מיין האַרצענס העלסטער בראַנד;
וועל איך נישט מיט רוהם דיך ציערען —
זאָל מיין נאָמען זיין צו שאַנד!
ווען מיין האַנד דיין שווערד פֿערליערען —
שטאַרבען זאָל מיין רעכטע האַנד!

---

# לאַנד פֿון די בערגער ...

לאַנד פֿון־די בערגער, פֿערלאָזען און וויסט!
לאַנד פֿון די טאָלען פֿול וועה!
לאַנד מיט די בערגער און טאָלען, וואו ס'פֿליעסט
דער אָטעם פֿון גאָט אויף דאָס נייז

ווען זעה איך דיך פֿריי, ווי מיין זעעלע — מיין לאַנד!
ווען זעה איך דיך שטאָלץ, ווי מיין גייסט!
ווען זעה איך נעפֿאַלען פֿון טרויער די וואַנד —
געוואַקסען די מויער פֿון טרייסט!

ווען זעה איך דיך בליהען, ווי ס'בליהט אין מיין טרוים
דיין בילד, דו מיין הייליגע היים!
ווען וועסטו, אָ לאַנד מיט דעם זאַמדיגען זוים,
פֿערשעהמען דעם בליה־טרוים וואָס כ'טרוים!

---

## און לייקענען טויזענד...

און לייקענען טויזענד דיר, טויזענד דיר ליעב' —
אין מיר איז קיין ליגען נישטאָ,
אָ לאַנד מיינס!
מיין האַרץ געהער דיר ביז דער אַללעצטער שעה,
אָהן דיר איז מיין זעעלע טויט־טריב.

און ציהען זיך וועגען אַריבער דער ערד
צעהנטויזענד צו פֿרייד און צו גליק,
אָ לאַנד מיינס —
מיין וועג איז נאָר דער, וואָס צו דיר פֿיהרט צוריק
מיט הייליגע מיהען בעשווערט.

איך וואַנדער מיט ליעדער, איך וואַנדער פֿול מוט
דורך שוואַכלאַנד און פֿלאַכלאַנד צו דיר —
אָ לאַנד מיינס!
ביי דיר אויף די בערגער, דאָרט זינגט עס זיך גוט,
און בלוט וויל דאָס פֿעלד דיינס פֿון מיר.

אָ, דיר זאָל געהערען מיין בלוט און מיין ליעד,
מיין טאָגמיה און מיינע פֿיער ווענד —
אָ לאַנד מיינס!
קיין רויז אין דער פֿרעמד אַזוי שעהן פֿאַר מיר בליהט,
אַזוי ווי דיין דאָרען, וואס ברענט.

---

# איך דאַנק דיר מיין גאָט...

איך דאַנק דיר, מיין גאָט, וואָס האָסט לעבען געשיקט מיך
אין יאָהרען פֿון אויפֿבליה און נישט פֿון פֿערפֿאַל;
איך דאַנק דיר, מיין גאָט, וואָס האָסט זעלטען בעגליקט מיך:
צו זיין צווישען די, וואָס מיט פֿריידען געפֿינען
אין מדבר אַ קוואַלל.

איך דאַנק דיר, מיין גאָט, וואָס דו פֿידהרסט מיינע וועגען
אַרויף צו דיין הויכער און הייליגער שטאָדט!
איך דאַנק דיר, מיין גאָט, פֿאַר די היימישע ברעגען,
וואָס ס׳עפֿענט פֿאַר די, וואָס פֿון גלות אַנטרינען
דיין גרויסע גענאָד.

איך דאַנק דיר, מיין גאָט, וואָס דו ווייזט מיר פֿון ווייטען
די צייטען פֿון צוקונפֿט אין הייליגער פראַכט!
איך דאַנק דיר, אָ גאָט, פֿאַר די ברידער וואָס שטרייטען
און האָבען דיין הייליגע שכינה אין זינען
אין מיטען דער שלאַכט.

---

## און קומען די נעכט...

און קומען די נעכט, ווען איך קלער פון מיין לאַנד —
יי זענען די טעג פון מיין זעעל;
און קומען די טרוימען אין מזרח־געוואַנד,
דאַן, מערב, הער אוים, וואָס כ׳דערצעהל!

און קומען די נעכט, ווען איך זינג פון מיין לאַנד,
דער הימעל, ער בענשט מיין געזאַנג —
עס בליצט מיר אין חשך גאָטס הייליגע האַנד
און וואַשט די נשמה מיר בלאַנק.

און קומען די נעכט, און פערגעהען די נעכט —
עס קומט און פערגעהט נישט מיין ליעב׳,
די ליעב׳, וואָס דאָס האַרץ מיר מיט פלאַמען פערפלעכט,
און מאַכט מיך אי פריידיג אי טריב.

און קומען די נעכט און פערגעהען די נעכט —
עס קומט און פערגעהט נישט מיין ליעד,
דאָס ליעד, וואָס וועט געהן פון נעשלעכט צו געשלעכט,
אַ בלום, וואָס אין אייביגקייט בליהט.

---

## אָ וואָלט מען געהערט אייך...

אָ וואָלט מען געהערט אייך, איהר ליעדער געליעבטע,
מיט הערצער אַזוינע, ווי דאָס, וואָס אייך שאַפֿט —
ווי שנעל וואָלט דערפֿרעהט זיך מיין לאַנד דאָס בעטריבטע,
ווי העל וואָלט צעברענט זיך די העלדישע קראַפֿט!

אָ וואָלט מען געשענקט אייך, איהר ליעדער געטרייע,
אַ העלפֿט פֿון די טרעהרען, ווי ס'שענקט אייך מיין האַרץ —
געטרענקט וואָלט געוועזען די היים די אַלט־נייע
אויף יאָהרען אויף לאַנגע מיט פֿרוכטבאַרען שמאַרץ.

אָ וואָלט איהר געטראָפֿען, איהר ליעדער, איהר ליעדער,
אַן אָפֿענעם וועג צו די ברידערס געדאַנק —
כ'וואָלט נערען אייך מעהר נישט געזוונגען, איהר ברידער,
קיין אַנדער געזאַנג חוץ דעם היימלאַנד־געזאַנג.

---

## פֿריהלינג 1915.

מיין ליעבשאַפֿט, מיין בענקשאַפֿט, מיין היימלאַנד מיין ווייטס,
איך הער נישט אויף קלערען פֿון דיר!
דו קינד צווישען לענדער, ווער ווייסט וואָס דו לייךסט,
ווען שטאַרקערע ליידען אָהן שיעור.

דו עלענדע טויב, דו אָהנמאַכטיגע טויב
אין שטורעם פֿון מערדער'שער וואוט —
צי האָט מען דיין נעסט נישט געטרעטען אין שטויב?
צי קלעבט נישט דיין פֿליגעל אין בלוט?

איהר שטאָלצע אַנטלאָפֿ'נע פֿון שאַנד און פֿון שפּאָט,
איהר בלומען, אויף זאַמדען צעבליהט,
איהר היטער און שניטער און ריטער פֿון גאָט —
צי האָט אייער גאָט אייך בעהיט?

דו הייליגע ערד, פֿון גאָטס פֿריעדען פֿערקלערט,
צי בלענדט דיך פֿון שווערדען דער בליק?
דו הייליגטום איינציגס, שוין צווײמאָל צעשטערט,
צי וואַרט דיך אַן אומגליק אַ דריטס?

ווען ס'קעמפֿפֿען און פֿאַלען דיר טויזענדער זיהן
אויף שלאַכטפֿעלדער ווייטע פֿון דיר,
ווען ס'ברענגט זייער בלוט נאָר פֿאַר פֿרעמדע געווינ —
שטעהט אומבעוואַכט, מוטער, דיין טיר!

אָ לאַנד מיינס. אָ לאַנד מיינס, ווער ברענגט מיך אַצונד
צום טרוירינען ברעג דיינעם צו!
מיין האַרץ איז איין בענקשאַפֿט, מיין האַרץ איז איין וואונד—
מיין וואונד און מיין בענקשאַפֿט ביסט דו!

מיין ליעבשאַפֿט, מיין טריבשאַפֿט, מיין הימלאַנד, מיין ווייטס,
איך הער נישט אויף קלערען פֿון דיר —
כ'לעב איבער אין האַרץ יעדעם לייד, וואָס דו ליידסט,
און שטאַרב אין די טרוימען פֿאַר דיר.

---

## עס קומען די שעה׳ן...

עס קומען די שעה׳ן מיין האַרצפּרייד צו רויבען,
עס קומען צו שוועבען גערזאַנקען ווי טויבען,
ווי טויבען מיט העלוער צום חלף־שניט אָפּען –
און כ׳טראַכט פון אַל דעם, וואָס מיט אונז האָט געטראָפען.

און כ׳האָב נישט קיין רוה און קיין רוה וועל איך האָבען,
ביז כ׳וועל נישט די טויבען פערוואַנדלען אין ראָבען –
כ׳וועל שטאָהלערנע שנאָבּלען זיי שמיעדען אין שמאַרצען
אין פייער פון סנה, וועלכער ברענט אין מיין האַרצען!



# אינהאַלט:

---

געדרוקט ביי אַדאָלף האָלצהויזען ווין.